# דאס ליעדעל פון ברויט
# דריי מלאכים
# און אנדערע



# דאָס ליעדעל פון ברויט.

פאר די הענטלעך און די ריגגען,
קליינע שעהנע קינדער זינגען:
— גאָט געטרייער, גיב אַ רעגען,
פון די קליינע קינדערס וועגען!
ווייזט אַ וואָלקען זיך פון אויבען,
נעמען זיך די פֿעלדער שטויבען,
און ווי פּערעל רעגען ריין
טריף טראָפּ, טריף טראָפּ-הויבט אָן געהן.

# דאָס לידעל פון ברויט

נעהמען זיך די פעלדער שפּרייטען
פריש צואַקערטע און ברייטען ;
ווערען גרינע קאָרען זאַנגען
איבער די פעלדער אויפגעגאַנגען ;
נעהמט אַ מוי אויף זיי צו פאַלען,
וואַרעמט זיי די זון מיט שטראַלען,
ווערען פעלדער געל ווי גאָלד,
פיל מיט קאָרען, ריינעם גאָלד.

קומען שניטער מיט די מעסער,
איינס פון צווייטען שאַרפער, גרעסער,
שניידען שנעלער, שניידען ווייגען,
אַז די שאַרפע מעסער קלינגען,
אַז די פעלדער ווערען פאַרשטאַרבען ;
און דעם קאָרען און די גאַרבען
ליגען זיי אין סקירדעס אויס
ביז צום הימעל הויך און גרויס.

# דאָס ליעדעל פון ברויט

נעהמען פולע פֿהרען פֿאהרען,
פוהרען פֿאהרען פיהרען קאָרען
דורך די בערג און דורך די טאָלען
אין די מיהלען אויסצומאָהלען;
הויבען אָן די ווינטען וועהען,
און די מיהלען פליגלען דרעהען,
מאָהלען מיהלען מאָהלען שנעל,
פון דעם קאָרען ווייסען מעהל.

נעהמט דער בעקער מעל מים הייוען,
און פארהייצט זיין גרויסען אויוען,
ברענט דאָס פייער, שייטלעך קנאַקען,
נעהמט דאָס ברוים זיך בעסער באַקען,
קויפען מאַמעס ברוים דעם פרישען,
און דערלאַנגען אויף די טישען,
עסען קינדער פרישען ברוים,
זיינען זיי געזונט און רוים.

# זומער רעגען.

שעהנער זומער לעבען.
איבען וואלקען שוועבען.
און אין גאס נעהמט שטויבען
ביז די וואלקען אויבען.
געהט א שטורעם קומען.
נעהמט א דונער ברומען,
און א בליץ נעהמט בליצען.
גאס וועט אונז באשיצען,
און פון אונזערט וועגען
שיקען אונז א רעגען.

רעגען, גאלד און שטראלען
פון דעם הימעל פאלען,
אויפ'ן פעלד זאל וואקסען
קארן, היי און פלאקסען,
אויפ'ן גאס די שטיינער
זאלען ווערען ריינער,

## זומער רעגען

רעגען, גאָלד און שטראַלען
פון דעם הימעל פאַלען,
פאַלען צוגעצעהלטע
און פון גאָט געטיילטע.

און פון איבער דעכער,
פון די קוימענס העכער —
גאָלדיגס עפּעס רייסט זיך,
און די זון באַווייזט זיך,
און זי שמייכעלט מונטער
אונז אין גאַס אַרונטער.

און פון איבער דעכער,
פון די קוימענס העכער —
האָט אַ רעגענבויגען
ברייט זיך אויסגעצויגען,
און דער רעגענבויגען
שיינט אונז פאַר די אויגען.

# ש נ י י ע ל ע.

שנייעלע, שנייעלע ווייסינקער שים
אונטער די שליטעלעך, אונטער די טרים.

קינדערלעך, אינגעלעך, מארש אין גאלאפ,
גליטשיג דאָס שטעגעלע בערגעל אראָפּ.

גליטשיג דאָס שטעגעלע אזש ביז'ן טאָל —
קינדערלעך, אינגעלעך, איינס טיט אמאָל!

ווינטעלע, ווינטעלע בלאָז ניט אזוי!
אונזערע היטעלעך וואַרף ניט אין שניי. —

אונזערע היטעלעך, איינס איוף דער וועלט,
פון אונזער מאַמעניו, חנוכה־געלט.

ווען אונזער מאַמעניו האָבען פיעל צער,
ווען אונז דער טאַטעניו שמייסען דערפאר.

# דער פעטער שנייער.

גלעקלעך קלינגען גלין, גלין, גלאָן.  
פון די ווייסע הייטען  
אימין קומט אַ ווייסער אָן  
אויף אַ גרויסען שליטען.

קליפ-קלאַפ, קליפ-קלאַפ... — באַלאַבאַס,  
עפען אויף דעם טויער !...  
קליפ-קלאַפ, קליפ-קלאַפ...— ווער איז דאָס ?  
— איך, דער פעטער שנייער...

— נו, מאַ גער געזונטערהייט,  
קומט די מענשען שרעקען...  
אין דער נאָרע אויף דער קייט  
נעהמט דער הונט זיך וועקען,

אויפ'ן בוידים קרעהט דער האָהן.  
היידא, פעטער שנייער !  
גלעקלעך קלינגען גלין, גלין, גלאָן  
אין די ווייסע הייטען.

# די זיידעס מיט די באָבעס.

די זיידעס מיט די באָבעס
קומען פון אַלע עקען,
מיט די גרויסע טאַרבעס,
מיט די לאַנגע שטעקענס,

און קינדערלעך וואָס וויינען,
ווילען גוט ניט זיין, —
אין די גרויסע טאַרבעס
כאַפּען זיי אַריין.

נאָר גוטע שטילע מיידעלעך
איז זיי שטאַרק געפעלען;
שענקען זיי די מיידעלעך
שנירעלעך קאַרעלען,

און וואוילע פרומע אינגעלעך
האָבען זיי שטאַרק האָלד, —
שענקען זיי סידורים'לעך,
איינגעפּאַסט אין גאָלד.

# אין דער שטילער נאַכט.

אלע גאַסען שלאָפען
אין דער שטילער נאַכט;
אויבען נאָר אין הימעל
די לבנה וואַכט.

און אַ גרויסער זייגער
צעהלט פון צייט צו צייט
אַמיצען די שעה׳ן,
ערגעץ אין דער ווייט.

און די הייזער שלאָפען
אין דער שטילער נאַכט:
נאָר ביי אונזער פענסטער
אַ לאַנטערען וואַכט;
אין דער שטילער נאַכט.

## אין דער שטילער נאַכט

אונ ביי אונזער פענסטער
װען גיט װען, און מיד,
שאָרען און פארשטארבען
שלעפעריגע טרים.

און די שכנים שלאָפען
אין דער שטילער נאַכט ;
נאָר אין אונזער װאױנונג
אונזער פייער װאַכט ;

און אין אונזער װאױנונג,
װי א קליינע גריל,
װיינט אַ קליינע מיזעל
ערגעץ אונטער דיל.

און די קינדער שלאָפען
אין דער שטילער נאַכט ;
נאָר די בלייבע מאַמע
און די שטילקייט װאַכט.

# אין אָוועֶנד.

אוי, דער הייסער טאָג פארגעהט,
און דער קיהלער אָווענד וועהט,
און דאָס קינד פארמאטערט שטעהט
נאָהענט פאר מיין טיר,
— קום מיין קינד צו מיר! —
שטעהט מיין טיש מיט מילך און ברויט
אָנגעגרייט פאר דיר.

די לבנה שווימט ארויס
קאָלט און אומעטיג און גרויס,
עסט דאָס קינד, און גרויס און הייס
רינט אראפּ זיין טרער,
— קום מיין קינד אהער! —
לייג דיין קאָפּ צו מיר אין שויס
און אנטשלאָפען ווער!

# א מאמע.

און פענצטער איז נאך פינצטער,
עס שלאפן נאך די קינדער,
און זי — א שטילע ווי דער טויט —
זי ברענגט שוין פרישע מילך און ברויט
פאר די קליינע קינדער.

און אלע, אויף די גאסן,
פארגעסן אויף די קינדער,
נאר זי — א שטילע, היט באהיט
פון אראפ ביין, די קוואלע טריט
פון די קליינע קינדער.

און אווענד היט דער ווינטער...
עס שלאפן שוין די קינדער.
און זי — א שטילע ווי דער טויט —
זי זיצט, און העפטלעך נייען נעכט
פאר די קליינע קינדער.

## ליולינקע, מיין אינגעלע...

ליולינקע, מיין אינגעלע...
מיר און פענסטער צוגעשלאָסען
און דאָס לעמפעל איסגעלאָשען, —
ליולינקע מיין אינגעלע.

שטיל און פינסטער איז אין הדר.
— איי! ווער שאַרט עס דאָרט כסדר?
ליולינקע, מיין אינגעלע,

ס'שאַרט אַ מייזעל אין די ספרים.
— קומען מתים פון די קברים?
ליולינקע, מיין אינגעלע,

אויף די קברים וואַקסען בלומען.
— וועט די מאמע מעהר נים קומען ?
ליולינקע מיין אינגעלע...

לייטער איהר נשמה, בורא !
— מאמע, מאמע ! איך האָב מורא !
ליולינקע מיין אינגעלע,

כ'וועל דיך היטען ווי די מאמע,
וועל דיך היטען ווי די מאמע.
ליולינקע מיין אינגעלע !

# דער בלינדער.

אין די וויגען ווײנען קינדער,
וויגען מאַמעס צו:
— ליולינקע, ליו ליו,
מיט אַ טאָרבע געהט אַ בלינדער
שלעפּט זיך צו זיין רוה,

קלאַפּט דער בלינדער אין אַ טויער,
איז דער טויער צו.
זיפצט דער בלינדער אין זיין טרויער:
גאָט פאַרנעהם כאָטש דו!

און ביים טויער ליגט דער בלינדער,
דעקט די נאַכט איהם צו.
ווײנען אין די וויגען קינדער,
וויגען מאַמעס צו:
— ליולינקע ליו ליו!

# נאַכט און רעגען.

איילי ליו ליו, נאַכט און רעגען,
איילי ליו ליו, נאַכט און ווינט,
אין דער נאַכט און אין דעם רעגען,
אין דער נאַכט און אין דעם ווינט,
געהען מענשען אויף די וועגען
נאַס, און הונגעריג ווי הינט,
און פארוואָגעלטע ווי הינט.

איילי ליו ליו, נאַכט און רעגען,
איילי ליו ליו, נאַכט און ווינט,
ליו ליו[?]נקע מיין קינד!

און וואוהין די מענשען געהען? —
וויים די נאַכט און וויים דער ווינט,
אהן געוויין און אהן געשרייען
אין דער נאַכט און אין דעם ווינט
געהען זיי אזוי אין רייהען
נאַס, און הונגעריג ווי הינט,
און געטריבענע ווי הינט.

איילי ליו ליו, נאַכט און רעגען,
איילי ליו ליו, נאַכט און ווינט,
ליו ליו ליבקע מיין קינד!

# דריי מלאכים

טו איך מיט'ן שטיין א הרעה,
איז דיין קינד א הרעה אזוי,

ווען ער האבען לאנגע יאהר
און דערלעבען גרויע האר.

„קוקוריקו ריקו האהן",
מיט א קרעה דער רייכער האהן,

און דער מלאך פון זיין קריין
נעהמט ארויס דעם בשוף שטיין,

מיט א הרעה איהם איז מיין קינד,
פליה צום באלקען און פארשווינדט.

איי לי לו לוו, איי לו לוו,
מאך מיין קינד די אייגלעך צו.

— צווייטער מלאך אין דער נאכט,
וואס האסטו מיין קינד געבראכט?

# דריי מלאכים

זאגט דער מלאך: — אין מיין קרוין
האב איך אזא עדעלשטיין,

טו איך מיט'ן שטיין א דרעה,
אויף דיין קינד, — א דרעה אזוי,

וועט ער לערנען גוט און פיין,
וועט א תלמיד חכם זיין.

„קוקוריקו ריקו האהן",
טוט א קרעה דער רויטער האהן,

און דער מלאך פון זיין קרוין
נעהמט ארויס דעם עדעלשטיין,

טוט א דרעה איהם אויף מיין קינד,
פליה צום באלקען און פארשווינדט.

איי לי ליו ליו, איי ליו ליו,
מאך מיין קינד די אויגלעך צו.

# דריי מלאכים

— דריטער מלאך אין דער נאכט,
וואס האסטו מיין קינד געבראכט?

זאגט דער מלאך: — אין מיין קרוין
האב איך אזא דימענטשטיין,

טו איך מיט'ן שטיין א דרעה,
אויף דיין קינד, א דרעה אזוי,

וועט ער זיין א גרויסער גביר,
האבען אוצרות אָהן א שיער.

„קוקוריקו ריקו האהן",
טוט א קרעה דער הויטער האהן.

און דער מלאך פון זיין קרוין
נעהמט ארויס דעם דימענטשטיין,

טוט א דרעה איהם אויף מיין קינד,-
פליה צום באלקען און פארשווינדט.

## דרײַ מלאכים

איצטער שלאָפֿט דער רויטער האָהן
ווײַל ער האָט ניט וואָס צו טאָן.

איי לי לין לין, איי לין לין,
מאַך מײַן קינד די אייגעלעך צו.

